מענדל מאן

# ירושה

## לידער

רעגנסבורג 1947

פארלאג, יידישע זעצער.

## י ר ו ש ה

ווען איבערן טאל האט דער ווינט
גרויע וואלקנס צענויפגעטריבן,
האט א פלאטערנדיקער פויגל בלינד
באוויינט די לעצטע עדה יידן.

אין מיטן נאכט, אין וויסטן פעלד,
ווען מיין טאטע איז געשטאנען ביים גרוב,
האט א שטערן פלוצלים זיך צעהעלט
און געפאלן צו דער ערד אראפ.

ווען מיין ברודער האט אויף מוראנאוו,
געווארפן זיך אונטערן שונא'ס טאנק,
האבן חברים דערזען ווי ארום אים גייט א זון אויף,
און דערהערט א שטילן און לויטערן געזאנג

— — — — — — — — — — — — — —

איצט זוך איך דעם פויגל וואס האט געשוועבט איבערן טאל,
איך זוך דעם שטערן וואס איז יענע נאכט געפאלן,
איך זוך דעם ניגון פון ברודערס ליד אונטערן שטאל
און פון יענע זון אויף מוראנאוו — די שטראלן.

# חורבות

די חורבות אין לבנה־שיין בעטן רו,
ווי ס׳בעטן רו כוואליעס פון אן אזערע אין א שטורעם,
עס חלומען די ברוכשטיקער פון דער שעה.
ווען ס׳איז געווען פאר בראשית, פארן וועלט־פורעם.

ס׳זויינען ארוים די שווארצע שאטן־פענצטער פון קלויז,
עס מאנען אירע ווענט: צו וואס זיינען מיר געבליבן?
עס דערהויבט זיך דאס בית־המדרש פון דער נאכט ארויס
ווי א שיף וואס האט זיך צעשלאגן אין ים־ריפן.

די פולע לבנה זוכט די יידן וואס זאלן איר מחדש זיין.
די פענצטער־לעכער ענטפערן נישט אויף איר זילבער־שיין,
און זי נידערט צו חורבות א מידע, פון הימלען טיפע
ווי אן אבל אין די טעג פון שבעה.

# י ד י ש ע  פ ר א נ ט ־ ל י ט

זיי האבן זיך די ערשטע געריסן צו די אקאפעס פון פיינד.
די ערשטע געשפאנט איבערן שטעטל מיט אומרואיקן פארגעפיל.
יעדן דורכגייער געקוקט טיף אין פנים אריין
און געזוכט די שמאלע געסלעך מיט דער אלטער שוהל.

זיי האבן זיך צו די חורבות געבויגן.
געקליבן רצועות. פארמעט און שמות.
און געווישט פון זיי די ראסע. ווי טרערן פון אויגן,
די לעצטע טרערן פון זייערע טאטע־מאמעס.

זיי האבן די שמות גענומען צו די ליפן.
דערנאך זיי באהאלטן אין טאש פון שינעל.
די צואה וואס איז דארט געווען פארשריבן,
האבן זיי געליינט פון יעדן באפעל.

# פ א ר ט י ז א נ ע ר

אין פינסטערניש שיידן זיי אונטער די גראזן לויטן ריח.
לויטן בלעטער־שארך — צו וועלכן בוים דער בלאט געהערט.
לויט דעם רויש פון כוואליעס — די טיף פון טייך.
לויט דעם פויגל־פלאטער — די סכנה וואס לויערט.

זיי בלייבן אפטמאל שטיין ביים וואלד־ראנד.
אזוי אומבאוועגלעך ווי שטאמען מיט איינציק פארטריקנטע צווייגן—
די לופע אונטערגעהאלטן פון א מאכיקער האנט
און ס׳וואכט איבער זיי דער וואלד מיט זיין שווייגן.

פלוצלים שפאנען זיי דורך שליאכן ווי א שטורעם.
ס׳רייסן זיך עשאלאנען. ס׳שלענגלען זיך דראטן.
פויערטעס קוקן פון פענצטערלעך ארויס ווי נאך א חלום
עס ציטערט דא דער פיינד פאר יעדן באוועגלעכן שאטן.

# צוריקגעקומענע

מיט שנעלע טריט שפאנען זיי צום ארט
ווו ס׳איז זייער וויג געשטאנען,
עס נארט זיי יעדעסביימל, יעדער פלויט:
אפשר איז זייער שטוב פאראנען?

זיי שטייען פאר די חורבות שולדיק און פארשעמט,
און פילן ווי פון אונטער די פארשאטענע ווענט
האט א ריס געטאן זיך א טשאטשע קראען מיט געשריי,
ס׳נעמט יעדער ציגל מאנען, עס וויינט יעדער שטיין.

זיי שפאנען צוריק מיט א שווערן טראט
און טראגן דעם הימל אויף אקסלען מיט מי,
פרעמד איז דאס וועג־ביימל, דער אלטער פלויט,
נאר אייגן איז זיי די רויטקייט פון דער שקיעה.

# אוקראינער

זייערע שטיבער זיינען פריש געקאַלכט,
און ניי איז דער פּלויט.
זיי דוכט זיך אַז אַרום די פּריזבע בייגאַכט,
גייט מיין טאַטע אַרום וואָס איז טויט.

זיי פירן מיך ביז די שוועלן,
גיבן מיר אַ טלית מיט אַ זעקעלע תּפילין,
„אַ דאָס איז אין אַ זומער־טאָג אַ העלן
פון אונדזערע שכנים בלויז פאַרבליבן.“

זייערע טעכטער אין קליידער מיט געלע בלומען
טראָגן מילך אַרויס אין אַ קריגל פון ליים.
אַ ייד איז צוריקגעקומען,
צו זיין טויטער און געשענדטער היים.

דורך חורבות פירט דער וועג אין צערקווע אַריין.
דאָס ווילד־גראָז וויינט דורכן ווינט.
אַן אַלטע פויערטע אין שוואַרצן בלייבט דאָ שטיין
און בעט פאַרגעבונג פאַר די זינד.

# די פוילישע פעלדער...

דער קבר פון מיינע ברידער איז דאס פעלד וואס בלים.
איך הער דא ווי ס'וויינען די שטיינער אונטער מיינע טריט.
דעם גסיסע־צאפל פון קינדער הער איך אין ווארקן פון טויבן.
איך באהאלט מיין פנים פארן ליכט פון שויבן.

דא, וועל איך נאר זיצן אויף דער שוועל מיט זאמד אין די שיך,
און מיין שפיגל פארהענגען מיט שווארצער טוך,
אומויפהערלעך וועלן פליסטערן מיינע ליפן קדיש
איבער צעבלימטע פעלדער און איבער בערגלעך אש.

אויב מיין וואנדערשטעקן רוט אין ווינקל ווידער.
איז עס צוליב מיינע טויטע ברידער.
איך שפאן אין האלב־נאכט מיט זיי ארום,
אויף די גרינע פעלדער — זייערע קברים.

דא הער איך זייערע טריט. איך הער זייער אטעם.
און די ווינטן וואס קומען פון מזרח, מערב, צפון און דרום.

# פוילישע וועגן

ווער האט דער ערשטער די שטעגן דא אויסגעטרעטן
וואס ציען זיך צווישן גרינקייטן מיט זוניקן גאלד,
א שכן וואס האט שכנים אויף שמחות פארבעטן,
אדער איינער וואס האט דעם צווייטן בארויבן געוואלט?

ס'שלענגלען זיך שטעגן דא
צווישן גראזן און זאנגען,
ס'זוילן דערפער אין א זוניקער שעה
די הענט זיך דערלאנגען.

אויף מיילן האבן טאפאליעס יעדן וואנדערער דערקענט,
לויט זייערע טריט,
לויט די באוועגונגען פון די הענט,
לויטן רעדער־סקריפ, לויט דעם וואנדערערס ליד.

ביז א שכן האט שכנים דורך די שטעגן געטריבן צום טאל
— עדהס יידן אויף זייער לעצטן גאנג.
און שמאלע שטעגן זיינען ברייטע שליאכן געווארן מיט אמאל,
און איבער זיי לויערט ווי א רויב־פויגל דעם הענקערס געזאנג.

אומזיסט האט די טאפאליע
אויסגעקוקט זיך די אויגן.
ס'איז פון יענעם טאל
דער לעצטער ראב שוין צוריק געפלויגן.

בלויז דער וואס האט די קהלות געטריבן,
איז אויף די שליאכן פארבליבן.

— — — — — — — — — — — —

ווער האט דער ערשטער די שטעגן דא אויסגעטרעטן
וואס ציען זיך צווישן גרינקייטן מיט זוניקן גאלד.
נישט דער וואס האט שכנים אויף שמחות פארבעטן
נאר אן אייניקל פון דעם, וואס האט דעם צווייטן בארויבן געוואלט.

# דער בוים נעבן מיין טאטנס הויז

וויפל מאל האט שוין דער בוים
זיינע בלעטער פארלוירן?
וויפל הארבסטן האבן זיינע ווארצלען
אין זיך ארייננעזויגן?

פון דאנען האבן פייגל אין באגינען־ פלי,
געעפנט דעם האריזאנטס־טויערן,
און זיי געשלאסן אין דעמערונגס־ רו
ווען זיי זענען צו נעסטן צוריקגעפלויגן.

— — — — — — — — — — — — — —

איצט שטייט דער בוים מיט פארברענטע צווייגן,
ווי ער וואלט געוואלט צו גאט מיט זיין שווארצקייט ארויפשטייגן.

פייגל פארפלאנטערטע אין זייער פלי — פליען גלייך צוריק,
דורכגייער לאזן פאר דעם בוים אראפ זייער בליק.

וויפל מאל האבן שוין ביימער זייערע בלעטער פארלוירן,
און זיך אויפסניי צעגרינט אין זייער גרויס?
נאר דער בוים האט אין 1942 · יאר
אויף אייביק זיינע בלעטער פארלוירן—
דער בוים נעבן מיין טאטנס הויז.

# קין טוט תפילה

קין זעט:
אט וועט די זון צווישן בערג פארגיין.
קין בעט:
א האר, וואס ליגט הבל ווי א שטיין?

וועמען וועל איך מיין גבורה ווייזן,
ווער וועט בויגן דעם קאפ פאר מיין בליק?
א גאט! טו דיין גרויסקייט באווייזן,
לעב אויף הבלן צוריק!

קין קניט. זיינע פינגער זיינען פלעמלעך,
וואס האבן אונטערגעצינדן די בערג און ס׳געלע פעלד.
נאר הבל איז דער איינציק טונקעלער פלעק
פון דער פארביקער וועלט.

# אין דער שטילסטער שעה...

אין דער שטילסטער שעה,
ווען ס'זיינען מיינע שויבן בלאָ,
ווען די טיר איז שוין פאַרמאַכט
אין דער שטילקייט פון דער נאַכט,

וועל איך אויפשטיין מיטן פנים צום מזרח־וואַנט,
אויפן האַרצן מיין גרויע האַנט,
די אויגן צום אומזעבאַרן עמוד־האש
און שטיל פליסטערן, יתגדל ויתקדש.

דערנאָך דריי שפּאַן טאָן אויף צוריק
און גלעטן מיין יינגעלע אין וויג.

זאָל זיך ציען אונדזער גאָלדענע קייט,
פון דור צו דור. צו דער ווייטסטער ווייט.
אויף דער ערד וואָס איז מיט אונדזער אש,
דער סימן פון אונדזער זיין — דער יתגדל ויתקדש.

# לעבנגעבליבענע

זיי טראכטן:
די טעג וועלכע פארגייען און די טעג וועלכע קומען
האבן זיי ביי טויטע ברודער אוועקגענומען.
אפטמאל בלייבן זיי שטיין אין האלב־וועג:
זיינען זייערע יארן א געפלעכט פון עמיצנס ניט אויסגעלעבטע טעג?

זיי גייען נעבן קינדער גלייכגילטיק פארביי,
דעם פנים צו ערד געבויגן,
און ביינאכט אין פארמאכטן צימער אליין.
דערמאנען זיי זיך די פארב פון זייערע קינדערס אויגן.

זיי גלויבן, אז יעדן דורכגייער האבן זיי געזען
ערגעץ אין טויט־לאגערן ווייט פון דאנען,
און פונקט ווי זיי אליין
איז אויך די וועלט תחית־המתים אויפגעשטאנען.

# אנדערש

...אז א מענטש בלייבט פלוצלים שטיין,
שוין נאך דעם אויסגעוויינטן געוויין,
נעבן זיין הויז וואס איז נישטא,
איז די בלויקייט פון הימל אנדערש בלאָ,
ווען ער האט דעם הימל געזען צוריק מיט א שעה.

...אז א מענטש זעט חורבות בלויז,
און פון דארט וועקט זיך דער גרויל,
און קוקט פון שכנס ליכטיקע פענצטער ארויס,
ווערט דער נעכטן ארעם און הויל,
ווערט די וועלט — אן אלטער דעמב פון בליצן אויסגעהוילט.

# גאט נידערט איבער די חורבות ...

געהייליקט דעם אנדענק פון די העלדן
פון געטא־אויפשטאנד אין ווארשע.

די הימלען זייגען געפאלן ווי פלאסטן בליי.
א ביימל האט פארבראכן די צווייגן ווי הילפסלאזע הענט.
גזימסן האבן די קרענץ צעפלאכטן און גיפסענע קעפ געלאזן פריי.
כורעים זיינען געפאלן פארן העלד די לעצטע ווענט.

דאס טאג ליכט איז פארשוווינדן.
טייכן האבן אויף מיילן פארהאלטן דעם כוואליע־לויף.
א העלד האט געראנגלט זיך מיט זיינע וווגדן.
זיין צוואה האט געפלאטערט אין די הייכן ארויף.

און גאט האט געגעבן א צייכן מיט א פייער־צעגליטע האנט.
אויפסניי האט זיך באוויזן די ליכט־שיין,
ס'האט דער העלד גאטס נאמען געראטעוועט פון שפאט און שאנד.
דערפאר נידערט איבער די חורבות גאט אליין.

# י י ד י ש ע  ד י כ ט ע ר

דאס נישט פארשריבענע ליד רעדט צו זיי דורך יעדן קלאנג.
דורך יעדן ציטערנדיק שטילן טראט.
דורך א ניגון פון אמאל געהערטן געזאנג.
דורך די בלויע שאטנס פון דער חורבה־שטאט.

זיי גייען אומבאמערקט פארביי דעם ראג.
זאפן אין זיך איין אלע פארבן און קלאנגען.
און טראגן דעם אומרו פון טאג
אין זייערע הערצער מיט לויטערסטע פארלאנגען.

ביינאכט ציטערן זייערע הענט א׳בער בלעטלעך ביי טונקעלע ליכט.
זיי הערן די ווידז׳ פון טויטע ברידער
וואס קומען אן דורך שמאלע שפארונעס — די פערזן פון געדיכט.
ס׳ווײנט זייער צער מיט דער שפראך פון נישט פארשריבענע לידער.

# הפקר

אז א שטערן פאלט —
קריצט ער מיט פייער דעם לעצטן טראט.
אז א מענטש פאלט —
דערזעען עס אפילו נישט די שטערן,
אויך גאט.
קען עס נישט זען און הערן.

אין פארמאכטן רוים צווישן רויך
איז דער קרבן נישט דערגאנגען צו דיין הויך.
אפילו דו. וואס האסט געגידערט צו אים,
ביסט געבליבן ווי די שטערן שטום,
וועלכע הענגען איצט אין רויכיקן ארום
מיט פארגלייזטע אויגן פון א מת.
עס ווארט דא נישט קיינער אויף דיין נס,
קיינער דארף נישט דו זאלסט דיין זעליקייט אים שענקען,
פארניכטעט זיינען דיינע געבאטן ביזן לעצטן אות,
און הפקר איז אלץ ווי וואלסט מיטן הענקער
געקלאפט א כוס אין א כוס.

## א באלאדע פון א פרוי וואס בענשט ליכט

ציגדט די ליכטלעך אן, צינדט צוויי ליכטלעך אן מיין פרוי,
ווי נאר עס וועלן די שויבן ווערן בלוי.

דעם ווייסן טישטוך שפרייט אויס,
זאל זיין שבת'דיק אין אונדזער הויז.

וואס שטייסטו עפעס ביים פענצטער פארטראכט
און שפיגלסט זיך אין דער גרויער נאכט?

א, וואס באוועגסטו זיך נישט מיין פרוי,
די שויבן זיינען שוין טונקל. די שויבן זיינען בלוי.

וואס ציטערן דיינע קאלטע הענט?
וואס זעסטו דארט אין די חורבה־ווענט?

וואס ציטערן דיינע אקסלען, וואס ציטערט דיין גוף?
זעסטו נישט ווי צוויי ליכטלעך פלאמען אויף.

און פלוצלים

ווי ס׳וואלט א שופר זיך צעשאלט.

האט זי מיט געשריי די טירן צעפראלט.

א קוק! אין די חורבות האבן ליכטלעך זיך צעברענט.

זע! ס׳שפאנען יידן ארומגענומען מיט די הענט!

אין טלתים, גלייך פון קלויז.

זע, די מחנה ציט זיך. זע, ווי גרויס!

א, איך הער זייער שבתדיק ליד.

א, איך הער שוין זייערע שטילע טריט.

עפן ברייטער די טירן, עפן גיך!

זיי קומען שוין אן. זיי גייען אויף שוועלן,

פארוואס ברענען טונקל אונדזערע ליכט.

עפעס צאנקען זיי און ברענען מיט א פלעמל ניט קיין העלן?

— — — — — — — — — — — — — —

זי האט גענומען בעטן און מיט די הענט ס׳פנים פארשטעלט;

„א גאט, האר פון דער גרויסער וועלט,

איך טו תפילה צו דיין הייליקן נאמען,

זאלן די צוויי ליכטלעך ברענען ביז זיי וועלן צוריקקומען“.

## כ'וועל זיך צוהערן...

כ'וועל זיך צוהערן —
צו אלע טריט אויף טרעפ און שוועלן.
אפשר וועל איך דיינע טריט דערהערן ?

כ'וועל זיך צוהערן —
צו יעדן קלאנג. צו יעדן טריט אויף קאלטן שטיין.
אפשר וועל איך דערהערן יענעם קלאנג וואס קען נישט פארגיין?

כ'וועל זיך צוהערן —
צו יעדן שטילן שארך וואס קען פארוויגן.
אפשר וועל איך דערהערן דיין לעצט געפליסטערטן ניגון.

# פרייטיק־צונאכטס

כ׳האב אוועקגעלייגט מיינע גרויע הענט
אויף דעם טונקעלעם טיש.
ס׳האט די גרויקייט די גרענעצן פון ווענט
און דיל פארווישט.

— — — — — — — — — — — —

אויף דעם טונקעלעם חללס פאן
צינדן זיך צוויי ליכטלעך אן.
מיין מאמע בענשט מיט אירע ווייסע הענט,
מיין מאמע איז אין דער ווייסקייט פון טיש אנגעלענט.

אז ס׳האבן די ליכטלעך זיך צעברענט,
האבן הירשן פון לייכטער די הערנער נישט געקענט באפרייען,
עס האט א ווייסקייט געציטערט אויף די ווענט
און הירשן האבן געחלומט פון א וויים פארשנייטן פליין.

— — — — — — — — — — — — — —

דאס איז די ווייסקייט פון אקארשט געפאלענעם שניי.

# שבת פארנאכט

מיין מאמע אין שווארצן שבת־קלייד
קוקט דורך די בלויע שויבן.
אירע אויגן שוועבן אין דער בלויקייט
ווי צוויי פארבלאנקעטע טויבן.

אין אפּגעם קרבן־מנחה סידור
לעשט זיך אָן אות נאָך אָן אות.
דאָס לעצטע טאָג־ליכט ציטערט
אין סידורס זילבערנעם שלאָס.

די ערשטע שטערן גייען אין אירע אויגן אויף
מיט א תפילה צום גאָט פון אברהם, יצחק און יעקב.
דערנאָך צינדט זי די פענצטער פון הויז,
און לעשט צוריק די שטערן אוים.

# א י צ ט ...

כ'האב געוועבט א ניגון
פון לויטערע קלאנגען, —
איז דער ניגון
מיטן שטורעם פארגאנגען.

ס'האבן די פארבן פון טאג
געציטערט אויף מיינע פינגער, —
זיינען די פארבן פון א בליץ
געווארן פארשלונגען.

איך האב געשפאנט
דעם רעגנבויגן אנטקעגן, —
איצט ליגט ער פאר מיר
פארלאשן אויף אלע וועגן.

# דער פלעק

ווידער איז פארשוואונדן א טאג.
עס שאטנט זיך מיין געשטאלט ביים ראג.
אלע טרים זיינען שוין פארשטילטע,
דער לאמטער הוידעט די שאטנס שטילע,
לייגט די געשיכטע פון טאג ווי פון בלעטער.
נאר איך בין דער שווארצער פלעק אויף זיין הילע.

פון פארלאשענע גזימסן שוועבן איצט די געשרייען אראפ
און בעטן זיך אויס אויף שטיינער א געלעגער.
ביז ס'וועט דער אנקומענדיקער טאג.
צעטרייבן זיי מיט די סקריפענדיקע רעדער.

איך, וואס כ'האב דא אמאל אזויפיל מענטשן געזעגנט,
האב אויך היינט קיינעם נישט באגעגנט.
אויף מיין טיש ליגט דאס ברויט פארשעמט.
און עס מאנען מיינע הילפסלאזע הענט.

— — — — — — — — — — — —

דער לאמטער —
הוידעט די שאטנס שטילע
און לייגט די געשיכטע פון טאג ווי פון בלעטער.
נאר איך בין דער שווארצער פלעק אויף זיין הילע.

# מיין הויז איז צעשטערט...

מיין הויז איז צעשטערט,
האב איך א נייע היים געפונען.
מיט א גערטנדל שווארץ־ערד
און מיט א טיפער ברונעם.

די זעלבע פייגל פלאטערן ביים דאך,
די זעלבע גרעזעלעך שפראצן ביי דער שוועל.
פונקט ווי דארט שלענגלט זיך דער שליאך
צו דעם גרינעם פעלד.

נאר מיין שכנס אויגן האבן זיך געביטן,
כאטש ער באגריסט מיך אויף דער זעלבער שפראך,
פיל איך ווי זיין בליק האט אין מיר זיך איינגעשניטן
ווי א שטראם פון א קאלטן טייך.

ערגעץ אין א פענצטער פעלט א שויב.
האט מען מיטן הייליקן פארמעט עס פארהאנגען.
ארום די חורבות ביים שוהל־הויף
פלאטערן נאך די לעצטע כל־נדרי׳ געזאנגען.

— — — — — — — — — — — — —

איך האב מיין רוקזאק שוין פארגרייט
און לאז זיך אויף מיינע אבות נישט באטראטענע וועגן.
עס פירט דער וועג צו מערב זייט,
דורך שמאלע און געהיימע שטעגן.

דאס איינציקע וואס איך נעם אין וועג מיט,
איז דער טרויער פון דאזיקן ליד.

# די וואסערטרעגערן

כ׳האב מיין פנים אין פענצטער איינגערעמט.
די ווייסקייט פונעם שניי בלענדט!
א מארדווינערן שפאנט מיט רואיק געמאסטענע טריט,
אויף איר רעכטן אקסל א קראמיסלע רוט.

ווי א שטיק נישט פארשנייטער האריזאנט
וואס באוועגט זיך צום ריטם פון איר יעדן שפאן.
פלוצלים האט זי אין פענצטער דערזען
דעם בליק פון א פרעמדן מאן,

ס׳האבן די צוויי עמער זיך צעוויגט
און געפלוסקעט טראפנס וואסער אויפן שניי.
זי האט א בויג געטאן זיך עטוואס צוריק,

און מיט אירע קליינע הענט צוויי,
איינגעשטילט דעם הוידנדיקן האריזאנט —
און ווייטער איבער דער ווייסקייט געשפאנט.

# יעגאר איוואניטש דער קאַלווירטניק
# פון מארדאוויע

ווי נאר איך האב איבערגעטרעטן די שוועל
פון דער הילצערנער שטוב,
האט דיין באלעבאסטע דעם קופערנעם סאמאוואר געשטעלט
און מיט א שמייכל, וואס איז מיר געווען אזוי ליב,
צום טיש פארבעטן. א געגרייטן מיט אוגערקעס און זויער־קרויט
און איך האב פון טאש ארויסגענומען
מיין נארמע שווארצן ברויט.
מיר האבן געשוויגן. דו האסט באטראכט
מיינע מאדנע קליידער און מיינע שיך,
און אפגעטרעטן דיין געלעגער אויף ביינאכט
אויבן אן, אויף די ווארעמע ציגל פון אויוון־קיך.

און צומארגנס —
האסט מיט דיין האנט געטרייסלט מיך אין קאיאר,
„העי. ציים צום קאננעם־דוואר!"
איך האב זיך צוגעקוקט ווי די טוסט דיינע לאפטשעס אן.
און וויקלסט די שטריק סימעטריש ווי רצועות.
איך האב ס'ערשטע מאל דערזען. ווי ס'פאנגט דער באגינען אן
און ס'ציטערן אין מאקשא־טייך אמאליק פארגאנגענע שקיעות.
האסט געלערנט מיך שפאנען פערד.
געוויזן ווי אזוי מ'דארף די דוגע צום דישל פארפעסטיקן.
געלערנט אקערן די ערד
און ווי אזוי פעלדער באמיסטיקן.
האסט פון מיר הילכיק געלאכט,
פאר וואס איך רייס מיט דער פיאטע פון דער קאסע דאס גראז
און זיי ווילן פאר מיר זיך נישט בייגן,
און לאנג נישט געטראכט.
א פיר געטאן מיט דער קאסע א האלב־קרייז,
און ס'האבן די גראזן גענומען צו די פיס זיך לייגן.

האסט געלערנט מיך. אונטערשניידן די העכסטע סאסנעס
און איך זאל באשטימען פון פריער די ריכטונג פון איר פאלן,
און פארגרייטן האלץ אויף בלאטיקע וויעסנעס.
ס׳זאל זיין פול דער הויף און די שטאלן.
האסט געלערנט אננעמען אויף ווילעס פולע הויפנס היי.
האסט געוויזן ווי אזוי מ׳לייגט בינטן קארן, צו פיר אין א ריי,
דעם לעצטן בינט פארקערט. ס׳זאלן פייגל נישט פיקן די זאנגען,
אז ס׳איז געקומען די צייט פון מיטאג.
זיינען מיר מיט הילצערנע לעפל צום פייער געגאנגען
און זיך אויסגעזעצט אין א ראד.
פונדערווייטנס האבן זיך צעהירזשעט די געפענטעטע פערד.
און איך האב ס׳ערשטע מאל דערפילט דעם ריח פון ערד.

## 1־טער פעברואר 1942

וואלגע סטעפ אין מיטן ווינטער נאכט.
די שטערן צאנקען אין בלויען שניי.
איך צייכן דער ערשטער מיטן שליטן דעם שליאך
צום נאענטן דארף טיענגושיי.

דארט ווו ס'ענדיקט זיך דער שניי —
הויבט דער הימל זיך אן.
מיין שליטן פליט,
אט וועט ער דעם האריזאנט־טונקל צעפראלן.
שטערן ארום די פערד פאלן.
איך דערהער צום ערשטן מאל
דעם געשריי פון מיין זון
וואס כ'פיר פון געבורטס־שפיטאל.
דער האריזאנט ווערט
נענטער און נענטער. כאטש ריר אים אן,
עס האט זיך צעקרייט אין א דארף דער ערשטער האן.

און פלוצלים האבן מיינע פערד
אריינגעריסן זיך אין סאמע מיטן.
דארט ווו ס'גייט אויף דער באגינען אין פלאמען.
ס'האט זיך צעקלונגען אין וואלגע־סטעפ א שליטן
מיטן געוויין פון ניי־געבוירענעם זון פון א יידישער מאמען.

## א חלום...

נאכט. איך טינק מיין שווארצברויט אין טרויער.
דער שניי פאלט און פאלט.
ס'קלינגען גלעקלעך. ס'קריפעט דער טויער.
אויפן גאנעק עפעס א געשטאלט:

א פרוים געזיכט. א לאנגער זשופאן.
דער סאמאוואר זידט.
פערד הירזשען אין לויזן געשפאן.
עס שמייכלט דער גאסט פון פושקינס א ליד.

— — — — — — — — — — — — — —

איך זוך באגינען
די צייכנס פון נעכטיקן שליטן...
ס'לאכט די אלטע מארדווינערן:
דער שניי האט באוויזן אלץ צו פארשיטן.

# צו מיין יינגעלע

אפט בלייבסטו פארטראכט אין מיטן וועג,
און בענקסט נאך דיינע קליינע פוס אפדרוקן,
אויף דעם זאמדיקן וואלגע - ברעג.
און נאך כוואליעס. וואס האבן געוואלט דיינע טריט דעריאגן.

בענקסט נאך די זיבקע — אזא הוידנדיקע וויג
אין מיטן שטיבל אויף פיר שטריק
און די באבע — א מארדווינערן דערביי,
זינגט אויף איר שטייגער: „בייו, בייו, ביי"

דערנאך דערהערסטו דעם פייף פון א באן,
און פרעגסט דורכן שלאף: איז ערגעץ א ניי וויגעלע פאראן?

— — — — — — — — — — — — — —

גוט וואס אין אונדזער נע - ונד וועג
טראגסטו די לויטערקייט פון זוניקן וואלגע - ברעג.

# ווינטער אין סטעפ

די ווייסקייט האט נישט קיין סוף.

— — — — — — — — — —

איז דאך מיין גאנג
אן אומזיסטער געראנגל מיט זיך אליין,
איך וועל אין ערגעץ נישט דערגיין,
פאלגנדיק נאר עפעס א קלאנג.

די ווייסקייט האט נישט קיין סוף.

— — — — — — — — — —

וועל איך פאלן אויף קניען
צום שניי וואס העלט.
און ווי אן איינציק טונקל בערגל רוען
אין דער גרויסער ווייסער וועלט.

און אזוי בלייבן פארזיגלט אין מיין רו —
ביז ס'וועט מיר זיין באשערט.
אויפצושטיין דער ערשטער אין דער שעה,
ווען ס'טיילט דער הימל זיך אפ פון ערד.

# ווען ס׳וועלן די טעג פון שבעה פארגיין...

מנשהן, ירושלים

ווען ס׳וועלן די טעג פון שבעה פארגיין,
וועל איך קומען צו דיר צו גיין.

דו וועסט מיך אפוואַרטן ביי דיין שוועל
מיט א קרוג וואסער צו וואשן די הענט.
ס׳וועט זיך שפיגלען דארט דער הימל העל
און כ׳וועל אפטרייסלען דעם שטויב פון חורבה ווענט.

דערנאָך וועסטו מיך אריינפירן אין הויז.
מיר וועלן עסן דאס צוגעגרייטע ברויט.
און פשוט און אזוי פראסט וועט מיין קומען זיין.
אזוי ווי ס׳קומט דאס ליכט אין דיין פענצטער אריין.

## פ ר י ל י נ ג.

מײַן ייִנגעלע איז פֿאַרנומען אין אַ װוּנדערלעכער שפּיל.
אין דעם זוניקן פֿלעק אױפֿן דיל.
ס'רוען די הילצערנע פֿערד נעבן לאָקאָמאָטיװ
און זײ שװײַמט אַנטקעגן אױף אַ שטריקל אַ שיף.

פֿון טאָפּעטן קוקן צװײ הירשן אַראָפּ.
מײַן ייִנגעלע לאַכט צו זײ דורכן שלאָף.
און שפּאַנט זײ אײַן אין לאָקאָמאָטיװ,
ס'װיגט זיך די פֿאַראַנקערטע שיף,

און ער זעצט זיך אױף העכער פֿון הירשן רײַטן
װאָס לױפֿן צו זוניקע װײַטן...

— — — — — — — — — — —

מײַן ייִנגעלע איז פֿאַרנומען אין אַ װוּנדערלעכער שפּיל,
אין די פֿרילינגדיקע זון־פֿלעקן אױפֿן דיל.

*   *
*

וואס איז א ליד?

א שפיל פון פארב און קלאנג.
א לעשנדיקער זיך געזאנג,
א געפלעכט פון גראמען.
אדער דער בלענד פון זון־פלאמען
אויפן פאן פון בלויען ארום?

וואס איז א ליד?

עמיצנס הילכיקע טריט
און ווילדער לייבן געברום.
א כעס וואס טרינקט זיך אין טרערן,
א געשריי וואס בלייבט אין דער לופט
און קען דאס שלעכטס נישט צעשטערן,
א קול וואס מאנט און רופט
און קען נישט אויסגעפונען דעם נויטיקן קלאנג.
א פרעמדער וואנדערער אין ווילדן סטעפ,
וואס חידושט זיך מיטן זון—פארגאנג.
אדער לעצטער ליפן־ציטער פון געשענדטע קעפ?

# אינהאלט:

## פון זעלבן מחבר:

**מענדל מאן** — **די שטילקייט מאנט**
**לאדזש** 1945

**מענדל מאן** — ירושה
**רעגנסבורג** 1947

